ב. שקליאַר



א מעשהלע

ייִדיש מ. עלקין

ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין

ווילנע, קליין סטעפּן-גאַס 23 ═══ 1921

ב. שקליאַר

# בום און דריידל

## אַ מעשהלע

ייִדיש מ. עלקין



ווילנע — 1921

ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין.



## פּערזאָנען:

בּום

דריידל

משולח פון גוטן קיניג

צוויי העראָלדן

אַן אַלטע שמאַטע־הענדלערין

קיניגלאַכער שניידער

קיניגלאַכער שוסטער

קיניגלאַכער בּעקער

אַן אַלטע (חלפנטע)

וואונדערלאַכע מוזיקער

קיניגלאַכער גאָס־שומר

אַ שטים

# ערשטער אקט.

ווינטער. א וואלד. א וועג. זייער פיל שניי און דער שניי איז זייער שיין—ווי אין א טרוים. די ביימער זיינען גרויסצווייגיק און שיין—אויך ווי אין א טרוים. די צווייגן פון די ביימער זיינען באשאטן מיט שניי און פינקלען. קאלט. די זון פארגייט, מיט גאלדן פארב באגאסן. צוויי קיניגלאכע העראלדן פירן מיטן וועג א גרויסן הילצערנעם פערד, אויף וועלכן עס רייט פייערלאך דער משולח פון גוטן קיניג. די העראלדן בלאזן אין לאנגע טראמפייטן.

**ה ע ר אָ ל ד ן:** אומגליקלאכסטע! אומגליקלאכסטע! דער גוטער קיניג האט אונז גע־שיקט נאך אייך, כדי צו מאכן אייך פאר די סאמע גליקלאכסטע אין זיין קיניגרייך דעם יאר. א גאנץ יאר וועט איר עסן די פעטסטע טארטן און טרינקען די געשמאקסטע ווינען; די בעסטע דאקטוירים וועלן אייך געבן טרינקען די הרלבארסטע וואסערן, אויב איר וועט זיין צופיל; איר וועט טראגן די רייכסטע קליידער און וועט שלאפן אויף די ווייכסטע בעטגעוואנט! א גאנץ יאר וועלן פון אייערטוועגן געארדנט ווערן גלענצנדע בעלער! די וואונדערלאכסטע מוזיקער וועלן אייך שפילן די נייסטע טענץ און טאנצן מיט אייך וועט די בת־מלכה אליין! (זיי בלאזן אין די טראמפייטן) אומגליקלאכסטע! אונז האט געשיקט נאך אייך דער גוטער קיניג, כדי צו באגליקן אייך אין דעם יאר... (זיי פארשווינדן; א ווײלע הערן זיך נאך זייערע שטימען און דאס שאלן פון די טראמפייטן, דערנאך ווערט שטיל. אויפן וועג באווייזן זיך גאס־מוזיקאנטן — בום און דריידל, אפגעריסענע, אין צעריסענע שיך; ביי בומען אונטערן האנט—א פידל, דריידל טראגט א שטיינ מיט א פייגעלע. זיי איז זייער, זייער קאלט).

**ב ו ם:** דו ווייסט, דריידל, איצט וועלן מיר שוין ניט פארדינען אזויפיל געלט, ווי נאר פלעגן פארדינען מיט כי—כי!

**ד ר י י ד ל:** אינגאנצן לאנד צאלט מען פאר געזאנג פיל מער, ווי פאר מוזיק און טענץ!

**ב ו ם:** איצט קאנסט זיך דרייען א גאנצן טאג,—די פענסטער זיינען פארפרארן און קיינער וועט ניט!

**ד ר י י ד ל:** אז כי—כי פלעגט אנהייבן זינגען, פלעגן טאקע אלע דערהערן! א ביסל א דאנק טאן—פלעגט שוין פון ערגעץ וואו פאלן א מטבע! ווי מיינסטו, בום, כי—כי וועט גע־זונט ווערן?

**ב ו ם:** ניין, זי וועט ניט געזונט ווערן, — זי האט געזען ~~אין חלום~~ איר מוטער און יענע האט זי א קוש געטאן...

ד ר י י ד ל: נו?

ב ו ם: נו, און דאָס איז שוין באַוואוסט—ווען מען אַ טויטער טוט אין חלום אַ קוש, יענער קען שוין ניט געזונט ווערן.

ד ר י י ד ל: און דער מיסט-קלייבער זאָגט, אַז ס'חלומט זיך אַ טויטער—איז עס אַ סימן אויף שלעכטע וועטערן!

ב ו ם: נו, וועט קומען אַ שלעכטער וועטער און כי—כי וועט שטאַרבן.

ד ר י י ד ל: קאַלט, בום! בום, הוכט זיך, עמיץ גייט! שפּיל! (בום שפּילט).

ד ר י י ד ל: מיין הער, נעמט פּאַר אַ פּעניג אייער גורל-צעטעלע! דאָ זיצט אַ פייגעלע מיט אַ שיין אייגעלע, ניט קיין גאַנז, ניט קיין ענטל,—זי טרעפט אויפן הענטל, פּאַר אַ פּעניג וועט זי זאָגן, וואָס איר וועט פאַרמאָגן.

ב ו ם: קיינער נישטאָ!

ד ר י י ד ל: קאַלט, בום!

ב ו ם: נו, לאָמיר גיין, ביזן דאָרף איז ניט זייער ווייט, דאָרט וועלן מיר בלייבן נעכטיקן; דעם קרעטשמערס טעכטער קויפן שטענדיק גורל-צעטעלאַך!

ד ר י י ד ל: שוין באַלד דער דאָרף, בום?

ב ו ם: ניין, ניט גאָר באַלד, דריידל!

ד ר י י ד ל: הער, בום, און אויב דעם קרעטשמערס טעכטער וועלן ניט קויפן קיין גורל-צעטעלאַך?

ב ו ם: זי וועלן קויפן! דריידל, לייג אַוועק די פייגעלע אין בוזים, וואָרים זי וועט פאַרפרוירן ווערן!

ד ר י י ד ל: (עפנט די שטייג) בום!

ב ו ם: וואָס?

ד ר י י ד ל: די פייגעלע...

ב ו ם: נו?

ד ר י י ד ל: פאַרפראָרן! (וויינט).

ב ו ם: מען דאַרף אויף איר אָטעמען (ביידע אָטעמען אויפן פייגעלע).

ד ר י י ד ל: זי לעבט ניט אָפּ (וויינט).

ב ו ם: נו, וואָס רעווסטו?

ד ר י י ד ל: אַ שאָד זייער דאָס פייגעלע!

ב ו ם: לייג עס אַוועק אין בוזים!

ד ר י י ד ל: איך האָב אַוועקגעלייגט. זי איז אינגאַנצן קאַלט ווי אַ שטיק אייז.

ב ו ם: לאָמיר גיין גיכער, דו וועסט זיך דערוואַרימען, וועט זי אפשר אָפגיין!

ד ר י י ד ל: נעכטן איז זי אויך געווען אַ דערפראָרענע, אָבער זי איז נאָך געווען וואַרים!

בּ ו ם : ווער וועט איצט דעם קרעטשמערס טעכטער ציען וייערע גודל-צעטלאך?

ד ר י י ד ל : בּום, לאָמיר גאָט בעטן, אַז די פייגעלע זאָל אַפּלעבן!

בּ ו ם : גוט, דריידל, לאָמיר בעטן גאָט! (זיי שטעלן זיך אויף די קני, לייגן צונויף די הענט און קוקן אויפן הימל).

ד ר י י ד ל : זע, בּום, ווי די שטערן באַוועגן זיך!

בּ ו ם : דאָס איז אַ באַווייז אויף אַ פראָסט, דריידל!

ד ר י י ד ל : בּום, אויפן הימל איז ווארים?

בּ ו ם : איך בּין דאָרט ניט געווען, — איך ווייס ניט.

ד ר י י ד ל : און ווי מיינסטו?

בּ ו ם : איך מיין, אַז עס איז ווארים — פון דער זון, פון די שטערן, — זיי זיינען דאָך הייסע ווי קוילן!

ד ר י י ד ל : פון וואָס מאַכט מען זיי, בּום?

בּ ו ם : וואָס?

ד ר י י ד ל : פון וואָס מאַכט מען די שטערן?

בּ ו ם : מען מאַכט זיי גאָרניט, זיי זיינען שוין געמאַכטע. סיידן אַז עס פאַלט וועלן אַראָפּ איינע, — דאַן מאַכט מען (זיי שווייגן).

ד ר י י ד ל : קאַלט, בּום! דו שלאָפסט?

בּ ו ם : און דו, דריידל?

ד ר י י ד ל : איך שלאָף! און דו?

בּ ו ם : איך שלאָף אויך! (ער סלאָפט, עס לאָזט זיך הערן אַ סטילע, צאַרטע מוזיק פון צויבערפידלען; עס פאַלט אַ סניי, און אַלץ ארום ווערט פארהילט אין אַ נעפּל. פון דעם נעפּל ארויס באַווייזט זיך אַ פיגור פון אַן אַלטער פרוי).

ד ר י י ד ל : בּום, איך זע אַ חלום!

בּ ו ם : איך אויך, דריידל!

ד ר י י ד ל : בּום, איך זע, עס גייט אַהער די שמאַטע-הענדלערין און טראָגט אַ טאָפּ קאַשע.

בּ ו ם : און פון טאָפּ ציט אַ היץ!

ד ר י י ד ל : בּום!

בּ ו ם : וואָס?

ד ר י י ד ל : די שמאַטע-הענדלערין גייט אַהער!

ש מ אַ ט ע - ה ע נ ד ל ע ר י ן : (קומט אָן, שמייכלט ליבלאַך) זייַ באַגריסט, בּום! זיי באַגריסט, דריידל! איך בּין צו אייך צו גאַסט געקומען, אַ טעפּל קאַשע מיטגענומען! (דערלאַנגט די קינדער אַ טאָפּ מיט קאַשע. אין טאָפּ צוויי לעפל).

בּ ו ם : (עסט) דריידל, ס'איז דאָך אַ אמתע קאַשע!

ד ר י י ד ל : (עסט) אַ וואַרימע, אַ געשמאַקע! בּום, טו מיך ניט אַ שטויס, וואָרים איך וועל זיך אויפכאַפּן — וועט די אַלטיטשקע אַוועקגיין און וועט אַוועקטראָגן די קאַשע!

בּ ו ם : באַבינקע, גיי נישט אַוועק!

ש מ א ט ע - ה ע נ ד ל ע ר י ן : עסט, עסט! מיין קאשע גענוגט פאר אלעמען,
עס קומט פון איר גארנישט אפ! א פארבישופטע קאשע איז מיינע!

ניט קיין רויע, ניט געקאכט,
ניט קיין אייגנס, ניט געבארגט;
עסט און עסט זי כאטש א יאר, —
ווערט ניט ווייניקער א האר!...

און באלד קומט אהער דער וואנדערלאבער קיניגלאבער שניידער!

ב ו ם : (שטויסט דריידלען) אך, ווי וואונדערבאר!

ד ר י י ד ל : אך, ווי לעבערלאך! שטויס מיך נישט, בום, ווארים איך וועל זיך
אויפבאפן! (די אלטע גייט אפ אן א זייט, נאך איר ערשיינט דער וואונדערלאבער קיניגלאבער שניידער מיט א גרויסער שער
אין האנט, געקליידט זייער עלעגאנט, אין א גרינעם פראק, זשאבא, שיך מיט שנאלן).

ש נ י י ד ע ר : (פארנייגט זיך) זייט באגריסט, פריילין דריידל! זייט באגריסט,
הער בום.

ב ו ם : איר זייט דער קיניגלאבער שניידער?

ד ר י י ד ל : פון גרויסן הויז לעבן קלויסטער?

ש נ י י ד ע ר : יא, פריילין דריידל! יא, הער בום!

ב ו ם :
ד ר י י ד ל : } וואוהין גייט איר, הער קיניגלאבער שניידער?

ש נ י י ד ע ר : איך בין געקומען צו איך, פריילין דריידל און הער בום.

ב ו ם :
ד ר י י ד ל : } נאך וואס זייט איר געקומען צו אונז?

ש נ י י ד ע ר : (גייט צו, ווייזט פעלצלאך).

פרירן זאלט איר נישט ביי נאכט, —
האב איך פעלצלאך איך געבראכט;
האנט און אויער זאלן שוויצן,—
האב איך הענטשקעס און מיצן!... (ער טוט אן די קינדער)

ד ר י י ד ל : (לאכט) אך, ווי לעבערלאך!

ב ו ם : (שטויסט דריידלען) אך, ווי וואונדערבאר!

ד ר י י ד ל : שטויס מיך ניט, בום, ווארים איך וועל זיך אויפבאפן!

ש נ י י ד ע ר : נאך מיר גייט דער קיניגלאבער שוסטער, און נאך אים — דער
קיניגלאבער בעקער! (פארנייגט זיך און גייט אפ אן א זייט).

ש ו ס ט ע ר : (ערשיינט) זייט באגריסט!

ב ו ם :
ד ר י י ד ל : } איר זייט דער קיניגלאבער שוסטער?

ש ו ס ט ע ר : זייט אזוי גוט, ניט אייערע פיסעלאך, — איך האב איך געבראכט
סאמעטענע שיכעלאך. (טוט זיי אן)

ד ר י י ד ל : אך, ווי לעבערלאך!

ב ו ם : אך, ווי וואונדערבאר! (דער שוסטער פארנייגט זיך און גייט אפ אן א זייט).

ב ע ק ע ר: נאט אייך, קינדער, זיסע טאָרט
פון דעם סאמע ערשטן סאָרט!
אונטן צוקער, אויבן פרוכט, —
געמט=זשע קינדער און פאַרזוכט!

ב ו ם:
ד ר י י ד ל: ) אָך, ווי וואונדערבאַר!
) אָך, ווי לעבערלאַך! (דער בעקער פארנייגט זיך און גייט אפ און צ זייט)

ד י א ל ט ע ה ל פ נ ט ע: (גייט צו מיט א גרויסן טייסטער אין האנט) זייט באַגריסט!

ב ו ם: איר זייט די אַלטע הלפנטע?

ד ר י י ד ל: נאָך וואָס זייט איר געקומען צו אונז?

ד י א ל ט ע: בום, זיי באַגריסט! דריידעלע וואָס מאַכט?
איך האָב אייך מטבעות אַ סך דאָ געבראַכט
מטבעות פון גאָלד גאָר געבראַכט האָב איך דאָ,
פון קופער און זילבער—קיין איינע ניטאָ.
(שיט פון טייסטער מטבעות די קינדער אין די קעשענעס).
—
עפּנט די טאַשן די פוסטע, די פרייע!
עס לאַכן און פינקלען מטבעות די נייע.
(די קינדער שטעלן אונטער די קעשענעס, די אלטע שיט אהין מטבעות, מוזיקאַלישער ... עפנט די טאַשן... א. או. ת.״).

ד ר י י ד ל: בום, אָך, ווי לעבערלאַך!

ב ו ם: (שטויסט) דריידל, אָך, ווי וואונדערבאַר!

ד ר י י ד ל: בום, שטויס מיך ניט, וואָרים איך וועל זיך אויפכאַפּן!

ב ו ם: ווייסט וואָס, דריידל! איצט וואָלט איך וועלן ס'זאָלן קומען וואונדערלאַכע מוזיקער און זאָלן שפּילן אַ וואונדערלאַך ליד! (פון נעפּל ערשיינען וואונדערלאַכע מוזיקער אין ווייסע קליידער מיט גאָלדענע פידלען אין די הענט)

ב ו ם: דריידל, זע! וואונדערלאַכע מוזיקער זיינען געקומען... הער!

מ ו ז י ק ע ר: (שפּילן און זינגען):

מיר זיינען מוזיקער די גרעסטע,
פון אַ ווייטן, ווייטן לאַנד!
זינגען לידער אייך די בעסטע
זיינען מיר געקומען היינט!
———
די וואָס פּלאָגן זיך און ליידן
נעמען מיר אַריין אין קאָן!
זאָרג און שווערע וועלן מיידן, —
זיסע טרוימען קומען אָן!
———
מיר זיינען מוזיקער די גרעסטע
פון אַ ווייטן, ווייטן לאַנד!
זינגען לידער אייך די בעסטע
זיינען מיר געקומען היינט!

**ב ו ם :** וואונדערלאכע מוזיקער, גיט מיר אייער גאלדענע פידל, וועל איך אייך שפילן דעם פריילאכסטן טאנץ!

**ד ר י י ד ל :** בום, שפיל אונז דעם פריילאכסטן טאנץ, וועלכער ס׳איז נאר דא אויף דער וועלט! (דער וואונדערלאכער מוזיקער גיט בומען די גאלדענע פידל און בום שפילט דעם פריילאכסטן טאנץ, וועלכער ס׳איז נאר דא אויף דער וועלט).

**ד ר י י ד ל :** (גייט צו צו דער שמאטע-הענדלערין) באבינקע, טאנץ מיט מיר!

**ש מ א ט ע - ה ע נ ד ל ע ר י ן :** מיט פארגעניגן! איך האב נאר געווארט, דו זאלסט מיך רופן. (זיי טאנצן).

**ש נ י י ד ע ר :** (גייט צו צום שוסטער) הער קעניגלאכער שוסטער, קומט מיט מיר טאנצן!

**ש ו ס ט ע ר :** מיט פארגעניגן! איך האב נאר געטרוימט, איר זאלט מיך איינ-לאדן! (זיי טאנצן).

**ב ע ק ע ר :** (גייט צו צו דער אלטער חלפנטע) געערטע אלטע חלפנטע, קומט מיט מיר טאנצן!

**א ל ט ע :** איך קען ניט, הער בעקער! איך דארף היטן די קעניגלאכע מטבעות!

**וואונדערלאכער מוזיקער :** (גייט צו צום בעקער) טאנצט מיט מיר, הער בעקער! (זיי טאנצן).

**קעניגלאכער גאס-שומר :** (גייט פון גלעזל ארויס צו די טאנצנדיקע): וואס איז דא ביי אייך פאר א טומל? איר ווייסט דען ניט, אז אויף די גאסן פון אונזער קעניגרייך טאר מען זיך ניט וויגן אזוי טומלדיק?

**א ל ע :** אך, הער קעניגלאכער שומר! דא איז אזוי פריילאך! איר ווילט אפשר מיט אונז א טאנץ טאן?

**ק י נ י ג . ש ו מ ר :** מיט פארגעניגן, איך האב נאר געווארט, איר זאלט מיך רופן.

**א ל ע :** מיר וואלטן מיט פארגעניגן געטאנצט מיט אייך, נאר מיר זיינען איצט אלע פארנומען!

**וואונדערלאכער מוזיקער :** קעניגלאכער שומר, טאנצט מיט מיר!

**ק י נ י ג . ש ו מ ר :** מיט פארגעניגן! איך האב פון אזוינס גאר קיינמאל ניט געטרוימט!

**א ל ע :** געערטע אלטע חלפנטע! איר ווילט אפשר א ביסל טאנצן מיט אונז?

**א ל ט ע :** אך, איך וויל זייער, נאר איך דארף היטן די קעניגלאכע מטבעות!

**א ל ע :** אך, א שאד, וואס איר קענט ניט טאנצן, דאס איז דאך אזוי פריילאך! (אלע טאנצן, צוערשט אלע שנעלער און שנעלער; שפעטער—שטילער און שטילער; די פריילאכע מוזיק פון בום הערט ביסלאכווייז אויף, ביז ער בלייבט שטיין מיט אן אראפגעלאזענע פידל. עס לאזט זיך הערן א פייערלאכע און טרויעריקע מעלאדיע און אויף דעם פאן זיגנט א ווייסע, צווישערלאכע שטים).

שטים:

די שיינע ליבע קינדערלאך,
דריידעלען און בומען —
אין די אלטע מוטער איצט
אהיים נעמען געקומען...

(א נעפל פארהילט אלץ, די טרויעריקע מעלאדיע ווערט שטילער און מיטאמאל לאזט זיך הערן א שטארקער קאלן פון די קינגלאכע הערעלדן. דער נעפל פארשווינדט: עס זעט זיך ווי אייטן שניי זיצן, ציגעדריקט איינס צום צווייטן, בום און דריידל, אין צעריסענע קליידער און פיך ביסן וויען נייען ויידער הערעלדן און פירן א הילצערנעם פערדל, אויף וועלכן עס זיצט דער קיניגלאכער משולח).

הערעלדן: אומגליקלאכסטע! אומגליקלאכסטע! אונז האט געשיקט נאך אייך דער גוטער קיניג...

משולח: אך, איך בעט אייך, טוט מיר א רייב דעם נאז! דובט זיך, אז קיינמאל איז נים אזוי שווער געווען צו געפינען די אומגליקלאכסטע, ווי היינטיקס יאר! אמאל, האט מען נאר בארארפט דעם נאז באוויין, האסטו שוין אנגעטראפן די אומגליקלאכסטע, און איצט... ע—ע—ע ע... טוט א קיק, איך בעט אייך, וואס פאר א אומגליקלאכע האבן זיך דאס דארט צוגעטוליעט ווי די האזן אין שניי! דאס זיינען, דובט זיך, גאס-מוזיקאנטן!

הערעלדן: (גייען צו צו בום און דריידל) הערט צו, אומגליקלאכע! (בום און דריידל שווייגן). הער קיניגלאכער משולח! זיי זיינען אזוי נים ערצייגן, אז זיי ווילן גאר נישט ענטפערן!

משולח: וועקט זיי דארט אויף, איך בעט אייך! שטויסט זיי דארט שטארקער, ווארים ביי מיר-ווערט דער נאז גאר אפפרירן!

הערעלדן: (סטויסן בום און דריידל) אומגליקלאכסטע! שטייט אויף, איר הערט, ביי דעם גליקלאכן משולח וועט באלד אפפרירן דער נאז! (בום און דריידל שווייגן) הער קיניגלאכער משולח, סיווייזט אויס, אז אייער נאז גייט זיי לחלוטין נים אן!

משולח: צי זיינען זיי נים פארפרארן! רייבט זיי אפ גיכער!

הערעלדן: (רייבן בום און דריידל) הער קיניגלאכער משולח! זיי זיינען ווירקלאך פארפרארן, נאר באלד וועלן זיי אפגיין! באלד וועלן זיי ערוואכן!

בום: (ערוואכט, גענעצט) ווער זייט איר?

הערעלדן: מיר זיינען דעם גוטן קיניגס הערעלדן!

בום: וואו-זשע איז מיין גאלדענע פידל? און וואו זיינען די וואונדערלאכע מוזיקער? און פארוואס טאנצט איר נים?

דריידל: (ערוואכט) וואו איז די אלטע שמאטע-הענדעלערין? און דער קיניגלאכער שניידער? און דער קיניגלאכער בעקער? און דער קיניגלאכער שוסטער? און פארוואס הערט זיך נים די וואונדערלאכע מוזיק!

הערעלדן: זיי זיינען אזוי דערפרארן, אז זיי ריידן עפעס משונהדיקס.

משולח: שלעפט זיי אהער! אויב זיי זיינען שיעור נים פארפרארן געווארן אויפן ברייטן וועג, זיינען זיי דאס, מסתמא, די אומגליקלאכסטע! (די הערעלדן זעצן אוועק בום און דריידל אויפן פערד, דער קיניגלאכער משולח דעקט זיי צוין מיט א פעלץ און מען פירט זיי אוועק צום גוטן קיניג).

בוּ ם: פֿאַרוואָס פֿירט איר אונז אַוועק, אונז איז דאָ געווען אַזוי גוט!

ד ר י י ב ל: אַזוי וואַרים און פֿריילאַך, ווי נאָך קיינמאָל אין לעבן!

מ ש ו ל ח: שווייגט, אומגליקלאַכסטע! אַך, איך געדענק גאָרנישט, ווען ס'איז אַזוי שווער געווען צו געפֿינען די אומגליקלאַכסטע, ווי איצט! אַמאָל האָסטו נאָר באַדאַרפֿט דעם נאָז באַווייזן!.. אַך, רייבט מיר, איך בעט אייך, דעם נאָז!.. (פֿאַרן אַוועק).

פֿ אָ ר ה אַ נ ג.



מכשפֿה מיט אַ מיידעלע.

# פּערזאָנען:

בּום
דריידל
גוטער קעניג
פּרינצעסין „גאָלדן גלעקעלע"
משולה
קלוגער בעל־יועץ
ניט גאָר קלוגער בעל־יועץ־צערעמאָניע־מייסטער
בעלי־יועצים
קאַוואַליערן
דאַמען
קוכערס
דאָקטוירים
דינער.



באל.

## צווייטער אקט.

(קיניגלאכער פאלאץ. א סאלאן. דער גיסער קיניג, גלייך מיט אים — די קיניגין, צווישן זיי — די בת־מלכה. פון די זייטן — קיניגלאכע בעלי־עצות: רעכטס און לינקס — קאוואליערן און דאמען אין סאלאן — פיל טירן און דריי קליינע פענסטערלאך; ליבן יעדע טיר שטייען קיניגלאכע דינער).

מ ש ו ל ח: (קומט אריין) זיי באגריסט, גוטער קיניג! איך האב ערפילט דיין פאר־לאנג און האב געפונען צווי די סאמע אומגליקלאכסטע אין דיין קיניגרייך. אט זיינען זיי!

ב ו ם: )
ד ר י י ד ל: ) זיי באגריסט, קיניג!

ק י נ י ג: זייט באגריסט, אומגליקלאכסטע! ווער זייט איר?

ב ו ם: )
ד ר י י ד ל: ) מיר זיינען גאס־מוזיקאנטן.

ב ו ם: מיך רופט מען בום!

ד ר י י ד ל: און מיך דריידל!

(די קאוואליערן און דאמען גרעכן ארום א טאנץ געלעכטער און הייבן זיך אן סודען: „בום־הום־בום... דריידל... דריידל... דריידל...)

**ק אַ ו ו אַ ל י ע ר :** (פון רעכטס) כי—כי—כי!..

**ד אַ מ ע :** (פון לינקס) כאַ—כאַ—כאַ!

**ב ו ם :** פון וואָס איז דאָ צו לאַכן, הער כי—כי!

**ד ר י י ד ל :** ניטאָ דאָ וואָס צו לאַכן, פרוי כאַ—כאַ!

**ב ת - מ ל כ ה :** אַך, ווי איר זייט מיר ביידע געפעלן! זייט ניט ברוגז אויף זיי, בום און דריידל, דאָס זיינען די סאַמע נאַרישע קאַוואַליערן און דאַמען! אבער טאַקע, אייערע נעמען זיינען אַ ביסל אומגעוויינלאַכע, איך האָב קיינמאָל אַזעלכע ניט געהערט; מיך, למשל, רופט מען „גאָלדן=גלעקעלע", ווייל ביי מיר איז אַ קלינגענדיקע שטים! זאָגט, פאַרוואָס רופט מען אייך: בום און דריידל?

**ב ו ם :** דאָס איז דערפאַר, גאָלדן=גלעקעלע, ווייל בעת איך בין געווען אַ קליינער און האָב נאָך גאָר ניט געקענט שפּילן אויפן פידל, האָט דאָן אויפן פידל געשפּילט מיין פאָטער און איך האָב געשפּילט אויף אַ גרויסן פויק און פלעג מאַכן אַזוי: בום! דערפאַר האָט מען מיר אַ נאָמען געגעבן בום!

**ב ת - מ ל כ ה :** מיר געפעלט זייער דיין נאָמען, בום!

**ד ר י י ד ל :** - און מיך רופט מען דריידל דערפאַר, ווייל בעת איך טאַנץ, דריי איך זיך ווי אַ דריידל, ווי אַ נאַר! אָט אַזוי! (זי דרייט זיך).

**ב ו ם :** וואַרט, דריידל! פריער איז מיט אונז געגאַנגען כי=כי, זי האָט זייער גוט געזונגען און מיר האָבן דאַן זייער פיל פאַרדינט, ווייל אין גאַנצן לאַנד צאָלט מען פאַר זינגען מער ווי פאַר מוזיק און טענץ! איצט איז זי קראַנק געוואָרן!

**ב ת - מ ל כ ה :** קיניגלעכער משולח! הייסט תיכף ברענגען אהער דעם בעסטן קיניגלאַכן דאָקטאָר! (דער משולח פאַרנייגט זיך און גייט אוועק) וואו וואוינט אייער כי=כי?

**ב ו ם :** זי וואוינט ביי דער שמאַטע=הענדלערין!

**ב ת - מ ל כ ה :** בעסטער קיניגלאַכער דאָקטאָר, איר הערט, כי=כי וואוינט אין פּאַלאַץ ביי דער אַלטער שמאַטע=הענדלערין!

**ב ו ם :** פּרינצעסין גאָלדן=גלעקעלע, ביי דער אַלטער שמאַטע=הענדלערין איז ניטאָ קיין פּאַלאַץ, זי האָט נאָר אַ ווינקעלע, אין וועלכן עס שטייט אַ קאַסטן!

**ב ת - מ ל כ ה :** קיניגלאַכער דאָקטאָר, איר הערט, כי=כי וואוינט ביי דער אַל=טער שמאַטע=הענדלערין, אין אַ ווינקעלע, אין וועלכן עס שטייט אַ קאַסטן! גייט צו איר און היילט זי מיט די בעסטע רפואות!

**ק י נ י ג. ד אָ ק ט אָ ר :** איך הער, אייער עקסעלענץ, פּרינצעסין גאָלדן=גלעקעלע!

**ק י נ י ג :** די סאַמע אומגליקלאַכסטע ריידן עפּעס זייער האָפּערדיק: אויב מען זאָל זיי געבן פולע פרייהייט, וועט מיין גאַנצער פּאַלאַץ באַלד פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ לאַגער פאַר אָרימסלייט! אומגליקלאַכסטע! פונוואַנען זייט איר געקומען?

**ב ו ם :** מיר האָבן זיך געקליבן אין די ווייטע שטעט, צו די וואונדערלאַכע מויז=קער! דאָס דאַרף זיין אַזאַ שיינע רייזע, וועלכע ס'איז אוממעגלאַך, ווי מען זאָגט, מיטן פּעדער צו באַשרייבן און מיטן צונג צו דערציילן.

**ד ר י י ד ל:** קינמאָל אין לעבן איז אונז נאָך אַזוי ניט גוט געווען, גוטער קיניג! ס'איז געווען גאָר וואַרים! עס-האָט זיך גאָר ניט געוואָלט עסן! און עס איז געווען אַזוי פריילאַך! קינמאָל אין לעבן איז אונז נאָך אַזוי פריילאַך ניט געווען!

**ב ו ם:** וואַרט אויף, דריידל!

**ד ר י י ד ל:** גוטער קיניג! אונז איז געווען אַזוי וואַרים, אַזוי וואַרים!

**ב ו ם:** וואַרט-זשע אויף אַ ווײַלע, דריידל!

**ד ר י י ד ל:** און עס האָט זיך גאָרניט געוואָלט עסן!

**ב ו ם:** דו חורסט איבער אַלץ דאָסועלבע! וואַרט, איך וועל דערציילן אַלץ בסדר! צוערשט איז צו אונז געקומען די אַלטע שמאַטע-הענדלערין און האָט אונז מכבד געווען מיט אַזאַ געשמאַקע קאַשע, וועלכע אפילו איר, גוטער קיניג, האָט נאָך קינמאָל ניט געגעסן! (אַלע זײַנען שטאַרק פאַר:אונדערט).

**ק אַ וו אַ ל י ע ר:** כי-כי-כי! זיי מײַנען, אַז דער קיניג וועט עסן אַ פּראָסטע קאַשע!

**ב ת - מ ל כ ה:** הערט זיך ניט צו צו זײַנע רייד, בום, ער איז דער נאַרישסטער קאַוואַליער!

**ב ו ם:** נאָכדעם האָט אונז דער קיניגלאַכער שניידער געבראַכט אַזוינע שיינע און וואַרימע שעפּסן-פעלצלאַך, וועלכע ס'איז אפילו בײַ אײַך צוקאָפּנס ניטאָ, גוטער קיניג! (אַלע—זייער פאַרוואונדערט).

**ד אַ מ ע:** כאַ-כאַ-כאַ! זיי מײַנען, אַז דער קיניג וועט שלאָפן אויף אַ שעפּסן-פעלץ!

**ב ת - מ ל כ ה:** הערט זיך ניט צו צו אירע רייד, בום, דאָס איז די נאַרישסטע דאַמע! זיי האָבן פאַרגעסן, אַז דעם פאַריקן מאָל, אויף יאַגד, האָט דער קיניג געגעסן אַ פּראָסטע קאַשע און געשלאָפן אויף אַ שעפּסן-פעלץ!

**ב ו ם:** דערנאָך האָט אונז דער שוסטער געבראַכט סאַמעטענע שיכעלאַך! (אַלע—זייער פאַרוואונדערט).

**ד ר י י ד ל:** און דער בעקער האָט אינז געבראַכט אַ זיסן טאָרט, פון סאַמע ערשטן סאָרט! אונטן—צוקער, אויבן—פרוכט, מיר האָבן בײדע אים פאַרזוכט! (אַלע—זייער פאַרוואונדערט).

**ב ו ם:** דערנאָך האָט די אַלטע חלפנטע אונז אָנגעשאָטן פולע קעשענעס מיט גאָר-דענע מטבעהלאַך! (אַלע זײַנען שרעקלאַך פאַרוואונדערט).

**ד ר י י ד ל:** און די וואונדערלאַכע מוזיקער...

**ב ו ם:** וואַרט, דריידל! דערנאָך זײַנען געקומען וואונדערלאַכע מוזיקער און האָבן מיר געשענקט זייער גאָלדענע פידל! (אַלע—שרעקלאַך פאַרוואונדערט).

**ד ר י י ד ל:** און צוערשט האָבן זיי אויסגעזונגען אַ וואונדערלאַך ליד...

**ב ו ם:** און איך האָב אַזוי געשפּילט אויף דער גאָלדענער פידל, אַז אַלע האָבן געטאַנצט אָן אויפהער און מער פון אַלעמען האָט זיך לוסטיק געמאַכט דער קיניגלאַכער גאָם-שומר, כאָטש ער האָט גוט געוואוסט, אַז אין דײַן מדינה טאָר מען זיך אויף די גאַסן אַזוי טומלדיק ניט לוסטיק מאַכן! (אַלע זײַנען איבערראַשט).

**ד ר י י ד ל:** ער האָט געטאַנצט מיטן וואונדערלאַכסטן מוזיקער!

**ב ו ם:** דערנאָך האָבן מיר דערהערט, אַז אונזער מוטער נייט נאָך אונז!

ד ר י י ד ל : מיר האָבן שוין געהערט איר שטים!

ב ו ם : אין דעם האָט גראָד געבראַכט צוטראָגן דיין משולח, און ער האָט אונז אוועקגעשטעלט אַהער, כאָטש, דעם אמת ריידנדיק, האָבן מיר זיך זייער געעקשנט (גלע איבעררעדט)·

ק י נ י ג : קיניגלאַכער משולח! דו האָסט מיך אָפּגענאַרט! דו האָסט אויסגעלאַכט דעם גוטן קיניג! איך האָב דיר באַפוילן ברענגען צוויי סאַמע אומגליקלאַכסטע פון מיין קיניגרייך, ווייל יעדן יאָר מאַך איך אָוועלכע צוויי פאַר די סאַמע גליקלאַכסטע אין מיין קיניגרייך. און דו האָסט מיר געבראַכט צוויי סאַמע גליקלאַכסטע!

מ ש ו ל ח : גוטער קיניג! די גאַסן־בעטלער זיינען פשוטע ליגנער און פאַרפירער. איך האָב זיי געפונען במעט דערפראָרענע, ווי שטיקלאָך אייז, איך האָב זיי אַליין מיט מיינע הענט אָפּגעריבן מיט ספּירט, וועלכן איך טראָג שטענדיק מיט זיך, ווייל ביי מיר פרירט דער נאָז! דאָרט איז ניט געווען קיין טאָפּ מיט קאַשע, קיין שניידער...

גוטער קיניג! ווי אַזוי וועט עס גיין דער קיניגלאַכער שניידער אין וואַלד אַריין, אַז ער איז גאָר באַשעפטיקט מיט נייען אַ פאַרביקע זשילעט פאַרן גוטן קיניג; ער זיצט אין באַוואָרפט די לעכלאָך מיט גוטן זייד, וואָרים זיי רייסן זיך ביי אייך, גוטער קיניג, שטענדיק, נאָך יעדן גוטן מיטאָג!

גוטער קיניג! דאָרטן זיינען קיין שוסטער ניט געווען און קיין בעקער געוויס ניט, ווייל אַלע בעקער זיינען פאַרנומען מיט אָנפּאַרטיקן זיסע געבעקס צו אייער וויטערדיקן מאָד־צייט; גוטער קיניג! און וואָס פאַר אַ גאָלדענע מטבעות האָבן געקענט זיין ביי די אומגליק־לאַכע?

גוטער קיניג! באַטראַכט נאָר אַליין, וועלכע וואונדערלאַכע מוזיקער האָבן דאָרט געקאָנט זיין, אַז אַלע בעסטע און וואונדערלאַכסטע מוזיקער זיינען צוזאַמענגעקליבן דאָ, אין דעם צימער, כדי צו שפּילן אויפן באַל ביים גוטן קיניג! אויב איר ווילט זיך ערקונדיקן, אַז זיי זיינען אַלע דאָ, איז גענוג נאָר עפענען אָט דאָס פענסטערל, וועט איר הערן,— שוין דעם דריטן טאָג, אַז זיי שטעלן אָן זייערע אינסטרומענטן. הערט זיך צו, גוטער קיניג. (ער גייט צו און עפנט אַ פענסטערל: פון דאָרטן הערט זיך אַ תילדער, שרעקלאַכער הימער פון אינסטרומענטן).

ק י נ י ג : פאַרמאַכט! פאַרמאַכט! פאַרמאַכט! איך הער, אַז דאָ האָבן זיך פאַרזאַמלט די וואונדערלאַכסטע מוזיקער פון דער גאַנצער וועלט און, עס פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן ניט געקענט זיין אין וואַלד, אויפן וועג. נאָר אפשר איז דאָרט פאָרט געווען דער הויף־שניידער און אויך אַ וועלכער עס איז שוסטער, אָדער בעקער! רופט צונויף תיכּף אַלע שוסטער און בעקער פון מיין קיניגרייך, וועלן מיר זיך דערוויסן, ווער איז גערעכט און ווער איז אומ־גערעכט!

ק ל ו ג ע ר ב ע ל - י ו ע ץ : ערלויבט מיר, גוטער קיניג, ערליידיקן די פראַגע פשוטער, ניט אָפּוועקנדיק אַלע שוסטער און בעקער פון זייער נוצלאַכער אַרבעט און ניט צווינגענדיק דעם שניידער צו וואַרפן זיין אַרבעט איבערן זשילעט פאַרן גוטן קיניג!

ק י נ י ג : מיין קלוגער בעל־יועץ, איך וועל זיין זייער צופרידן, ווייל איך פאַרשטיי דאָ לחלוטין גאָרניש.

ק ל ו ג ע ר ב ע ל - י ו ע ץ : אומגליקלאַכסטע! זייט אַזוי גוט זאָגט!

ב ו ם: מיך רופט מען בום!

ד ר י י ד ל: און מיך — דריידל!

ק ל ו ג ע ר  ב ע ל - י ו ע ץ: זאָגט, זייט אַזוי גוט, אומגליקלאַכע בום און דריידל.

ב ו ם: מיר זיינען גאָרניט קיין אומגליקלאַכע, דאָס מיינט אַזוי וועגן אונז דער קיניג-לאַכער משולח!

ד ר י י ד ל: דאָס איז ער אַליין דער סאַמע אומגליקלאַכסטער, ווייל אויך קעגן פּרירט ביי אים שרעקלאַך דער נאָז! זיין נאָז ווערט דאַן ענלאַך אויף אַ פלוים!

מ ש ו ל ח: איך בעט אייך, גוטער קיניג, באַפעלן די אומגליקלאַכע, זיי זאָלן ניט באַרירן מיין נאָז!

ב ת - מ ל כ ה: בום און דריידל, זייט אַזוי גוט, ניט באַרירט דעם משולחס גרויסן נאָז, ווייל ער איז אַן אָפּגעפּראָרענער און ווי מען וועט אים נאָר אָנרירן, קען ער זיך אָפּברעכן ווי די אייז-ליכטעלע „דוין"!

ק ל ו ג ע ר  ב ע ל - י ו ע ץ: בום און דריידל! אויב איר האָט היינט, נאָר ניט לאַנג, אויפגעגעסן אַ גאַנצן טאָפּ קאַשע, ווילט איר דאָך מכתמא גאָר ניט עסן?

ב ו ם: אָט דאָס איז דאָך, וואָס עס ווילט זיך שרעקלאַך עסן!

ד ר י י ד ל: אַ שרעק, ווי עס ווילט זיך עסן, גוטער קיניג!

ק י נ י ג: איך פאַרשטיי לחלוטין גאָרנישט.

ק ל ו ג ע ר  ב ע ל - י ו ע ץ: און אויב מען האָט אייך אָנגעטאָן שעפּסן-פעלצלאַך און סאַמעטענע שיכלאַך, דאַרף עס דאָך, הייסט עס, זיין אויף אייך?

ב ו ם: (קוקט אויף זיינע שיך) ניין, דאָס איז להלוטין ניט ענלאַך אויף סאַמעטענע שיך!

ד ר י י ד ל: (קוקט אַן איר צוריסענע קליידעלע) דאָס איז אויך זייער ווייניק ענלאַך אויף אַ וואַרימען פעלץ!

ק י נ י ג: איך פאַרשטיי גאָרנישט.

ב ו ם: (קוקט אַן קרום דעם משולח) איך מיין, אַז דאָס איז זיינע קונצן!

ק י נ י ג: מיין משולח! דאָס איז שרעקלאַך!

ב ת - מ ל כ ה: אַפּנים, אַז די שעפּסן-פעלצלאַך האָט ער באַדאַרפט אויף דער-וואַרימען זיין נאָז!

מ ש ו ל ח: גוטער קיניג! די גאַסן-בעטלער זיינען איינפאַכע ליגנער און באַטרי-גער! איך וועל מיר דען ערלויבן וואַרימען דעם נאָז מיט אַ שעפּסן-פעלץ? — פון דעם שמעקט דאָך שרעקלאַך!

ק י נ י ג: איך פאַרשטיי גאָרנישט!

ק ל ו ג ע ר  ב ע ל - י ו ע ץ: גוטער קיניג! ערלויב מיר זיך דורכשמועסן מיט זיי!

ק י נ י ג: זייט אַזוי גוט, קלוגער בעל-יועץ, איך וועל זיין זייער צופרידן, אַז די זאַך וועט סוף-כל-סוף קלאָר ווערן! איך פאַרשטיי דאָ לחלוטין גאָרנישט!

ק ל ו ג ע ר  ב ע ל - י ו ע ץ: זאָגט, זייט אַזוי גוט, בום און דריידל, אויב די אַלטע חלפנטע האָט אייך געגעבן אַזוי פיל גאָלדענע מטבעות, דאַרפן זיי דאָך זיין ביי אייך אין די קעשענעס! —

ד ר י י ד ל: (שטופט די הענט אין די צוריסענע קעשענעס) פאַראַן! (שלעפט ארויס) אַ מעשענער קנעפּל!

בום: (קוקט אן קרוס דעם קיניגלעכן משולח) איך מיין, אז דאס איז...

קיניג: מיין משולח—דאס איז שרעקלאך!

משולח: גוטער קיניג! טוט א קוק, איך בעט אייך, ווי אזוי האט ביי זיי גע־קענט זיין אין די קעשענעס גאלדענע מטבעות, אז, איך בעט איבער אייער כבוד, גוטער קיניג, אויף אים איז אפילו קיין הייזן במעט ניטא!..

בום: הייזן איז ביי מיר טאקע געבליבן ווייניק, נאר די מטבעות זיינען געלעגן אין די פעלצלאך!

משולח: גוטער קיניג! וואס פאר א מטבעות האבן געקענט זיין אין די קעשע־נעס פון די פעלצלאך, אז די פעלצלאך אליין זיינען ניט געווען! די גאסן־בעטלער זיינען פשוטע באטריגער!

קיניג: איך פארשטיי גארנישט!

משולח: פרעגט אים, גוטער קיניג, וואו איז זיין גאלדענע פידל? איז דען די שלעכטע פידעלע, וועלכע איז צעפלאצט פון פראסט, ענלאך אויף א גאלדענע?

קלוגער בעל־יועץ: גוטער קיניג! איך פארשטיי שוין, וואס דא איז!

קיניג: אך, איך בין זייער צופרידן, קלוגער בעל־יועץ!

קלוגער בעל־יועץ: אלץ וואס זיי האבן דא דערציילט איז עס... איז עס...

אלע: (מיטאמאל) נו? נו? נו?

קלוגער בעל־יועץ: דאס אלץ—איז א חלום! (נאך די ווערטער הייבט דער קלוגער בעל־יועץ אן צו דרעמלען).

אלע: (אין התפעלות, מיטאמאל) אך, אך! וואס פאר א חכמה! וואס פאר א חכמה! אט איז א שכל, אי א שכל!..

קיניג: מיין קלינסטער בעל־יועץ! אויף מארגן באשטעל איך—ביי מיר אין פא־לאץ א באל, אויף וועלכן איר וועט באקומען א ארדן מיט אן אויפשריפט: „אי, א שכל!‟ איצט קוש איך אייך אין שטערן (ער מאכט א באוועגונג מיטן האנט) און בעט העלפן מיר ענדיקן דעם ענין מיט די צוויי אומגליקלאכסטע! בום און דריידל! איר הערט! אלץ, וואס איר האט דא דערציילט—איז געווען א חלום! דאס אלץ איז ניט קיין אמת!

בום: ניין, גוטער קיניג! אפשר איז עס טאקע געווען א חלום, נאר דאס איז אלץ געווען א ריינער אמת! איך האב געגעסן קאשע—זי איז געווען גאר א ווארימע און א גע־שמאקע, מיר איז געווען זייער ווארים אין פעלצל און אין די שיכלאך...

דריידל: דער טארט איז געווען ווירקלאך פון ערשטן סארט!

בום: די מטבעהלאך האבן געקלונגען ביי מיר אין די קעשענעס, און אונטער מיין מוזיק האט מען געטאנצט אזוי, אז אפילו דיין קיניגלאכער גאס־שומר האט ניט געקענט ביי־שטיין און האט געטאנצט אויף וואס די וועלט שטייט...

דריידל: כאטש ער האט געוואוסט, אז אין דיין מדינה טאר מען זיך ניט לוסטיק מאכן אויף די גאסן אזוי טומלדיק!

ק י נ י ג : גענוג! בום און דריידל! איר קענט זיך טראַכטן און ריידן, וואָס איר ווילט, נאָר אויב מיין קלוגער בעל־יועץ האָט באַשטימט, אַז דאָס איז אַ חלום, ניט קיין אמת, — הייסט עס, אַז אַזוי איז עס; איר זייט די סאַמע אומגליקלאַכסטע און איך וועל איך מאַכן פאַר די סאַמע גליקלאַכסטע!

ב ו ם : גוטער קיניג! און לאַנג וועסטו אונז מאַכן פאַר די סאַמע גליקלאַכסטע?

ק י נ י ג : אַ גאַנצן יאָר!

ב ו ם : דאָס איז זייער לאַנג, גוטער קיניג! וואָס־זשע וועסטו מיט אונז טאָן?

ק י נ י ג : איר האָט שוין דאָס געהערט פון מיינע העראָלדן! אַגב, איז עס אייגן־טלאַך, ניט אייער זאַך — דאָס וועלן מיר תיכּף באַשליסן!

ב ו ם : גוטער קיניג! איידער דו וועסט אונז אָנהייבן מאַכן פאַר גליקלאַכע, אפשר קענסטו אונז עפּעס געבן עסן? עס ווילט זיך זייער עסן!

ד ר י י ד ל : און צי קען מען זיך דאָ ניט אָנוואַרימען אַ ביסל אויף אַן אויוון? ביי מיר ווינען שרעקלאַך צופראָרן די פיס! און די הענט! (זי באַהאַלט די הענט אין בוזים) בום!

ב ו ם : וואָס איז, דריידל?

ד ר י י ד ל : (שלעפּט אַרויס דאָס פייגעלע) דאָס פייגעלע איז גאָר אַ וואָרימע! דוכט זיך זי אָטעמט!

ב ת - מ ל כ ה : (לויפט צו) דריידל, באַווייז מיר דיין פייגעלע! (דריידל באַווייזט, זיי קוקן בײדע אויפן פייגעלע).

ב ו ם : גוטער קיניג! דו ווילסט אונז מאַכן פאַר די גליקלאַכסטע! מאַך אַזוי, אַז די פייגעלע זאָל ווידער אָנהייבן זינגען!

ק י נ י ג : ניין, בום! אַזוינס קענען ניט מאַכן אפילו אַלע גוטע קיניגן און אַלע קלוגע בעלי־יועצים פון דער גאַנצער וועלט!

ב ת - מ ל כ ה : דריידל, הער, דאָס פייגעלע אָטעמט, דוכט זיך! גיב זי מיר! איך וועל אויף איר אָטעמען אַ גאַנצן טאָג! איך וועל ניט וועלן ניט טרינקען און ניט עסן!

ד ר י י ד ל : (גיט אָפּ דער פּרינצעסין דאָס פייגעלע) גאָלדן־גלעקעלע, אָטעם נאָר אויף איר ניט אויפהער!

ק י נ י ג : מיינע דינער! גייט, גיט זיי עסן און טרינקען, וואַרימט זיי אָן און טוט זיי אָן די שענסטע קליידער פון די קיניגלאַכע גאַרדעראָבן! (די דינער פירן אַוועק בום און דריידל).

ד ר י י ד ל : (קערט זיך אום) ליבע פּרינצעסין, גאָלדן־גלעקעלע! אָטעם אויף איר אָן אויפהער! ביז נאַכט! איך וועל זיך באַלד אומקערן, איך וועל נאָר עפּעס אַ ביס טאָן! (טום און דריידל גייען אַוועק. די בת־מלכה גייט אַוועק, אָטעמענדיק אויפן פייגעלע).

ק י נ י ג : קלוגער בעל־יועץ! מיר מוזן מאַכן בומען און דריידלען פאַר די גליקלאַכסטע אין אונזער קיניגרייך. וואָס וועט איר וועגן דעם זאָגן?

ק ל ו ג ע ר ב ע ל - י ו ע ץ : ר־ר־ר...

ק י נ י ג : וואָס?

ק ל ו ג ע ר ב ע ל - י ו ע ץ : כ־כ־ר־ר...

ק י נ י ג : קלוגער בעל־יועץ, איר זייט, אפנים, פאַרטאַטערט?

ק ל ו ג ע ר ב ע ל - י ו ע ץ : כ־כ־כ־ר־ר...

ק י נ י ג: קלוגער בעל־יועץ, איר האָט ווייער פיל געטראַכט? קלוגער בעל־יועץ, איר האָט באַשלאָסן אַ ביסל אַ שלאָף טאָן?

ק ל ו ג ע ר  ב ע ל - י ו ע ץ: כ־כ־ב־ר־ר־ר־ר...

ק י נ י ג: מיינע הערן, איך מיין, אַז דאָס באַל וועלן מיר זיך באַגיין אָן דעם קלוגן בעל־יועץ, — ער האָט ווידקלאַך אַזויפיל געטראַכט, אַז עס איז ניט קיין חידוש, וואָס ער האָט זיך אַזוי פאַרמאַטערט. איך לייג פאָר טאַקע תיכף צו אָרדענען דעם באַל.

א ל ע: (אין איין קול) וואונדערבאַר! גלענצנד! אַך! אַך! אַך!

ב ע ל - י ו ע ץ - צ ע ר ע מ אָ נ י מ י י ס ט ע ר: גוטער קיניג! איידער מיר הייבן אָן צו אָרדענען דעם באַל, דאַרפן מיר זיך דערוויסן: ערשטנס — צי האָבן די דאָקטוירים צוגעגרייט היילבאַרע וואַסערן? צווייטנס — צי האָבן די בעקער צוגעגרייט גענוג זיסע געבעקס? דריטנס — צי האָבן די מוזיקער צוגעגרייט די נייסטע מוזיק פאַר די טענץ?

ק י נ י ג: אַדאַנק אייך, ניט גאָר קלוגער בעל־יועץ און צערעמאָנימייסטער! מיט דער צייט וועט איר ווערט זיין צו פאַרנעמען דעם אָרט פון קלוגן בעל־יועץ!

צ ע ר ע מ אָ נ י מ י י ס ט ע ר: (גייט צו צו די דריי פענסטערלאַך און עפנט אויף דאָס ערשטע) צי זיינען גרייט אַלע קיכער? (פון דאָרטן הערט זיך אַ שטאַרקער קלאַפן מיט טעלערס. אין פענסטערל באַווייזט זיך אַ קוכער אין אַ ווייסער מיץ).

ק ו כ ע ר: אַלץ איז פאַרטיק, גוטער קיניג! (דער צערעמאָנימייסטער פאַרמאַכט איין פענסטערל און עפנט אַ צווייטע).

צ ע ר ע מ אָ נ י מ י י ס ט ע ר: צי זיינען גרייט אַלע דאָקטוירים? (פון. פענסטערל הערט זיך אַ קלאַפן פון גלעזלאַך און עס באַווייזט זיך אַ דאָקטאָר מיט אַ פלעשעלע און אַ רעצעפּט אין האַנט).

ד אָ ק ט אָ ר: אַלץ איז גרייט, גוטער קיניג!

צ ע ר ע מ אָ נ י מ י י ס ט ע ר: (עפנט דאָס דריטע פענסטערל, פון דאָרטן לאָזט זיך הערן אַ ווילדער ווימער פון אינסטרומענטן און עס באַווייזט זיך אַ מוזיקער מיט אַ פידל אין האַנט). צי זיינען גרייט אַלע מוזיקער?

מ ו ז י ק ע ר: אַלץ איז גרייט, גוטער קיניג!

צ ע ר ע מ אָ נ י מ י י ס ט ע ר: קאַוואַליערן און דאַמען! צי זיינען ביי אייך פאַרטיק די נייסטע טענץ?

ק אַ ו ו אַ ל י ע ר ן  א ו ן  ד אַ מ ע ן: (אַלע אין איין קול) אָ, יאָ, אָ, יאָ, אָ, יאָ!

צ ע ר ע מ אָ נ י מ י י ס ט ע ר: דינער! עפנט אויף אַלע טירן און לאָזט אַריין אַהער די קוכערס מיט די בעסטע מאכלים און זיסטע ווינען! די דאָקטוירים — מיט די היילבאַרסטע וואַסערן און די מוזיקער מיט די נייסטע טענץ! (עס עפענען זיך די טירן און עס קומען אַריין די קוכער. זיי דעקן די טישן און שטעלן אויס מאכלים און ווינען. עס קומען אַריין די דאָקטוירים און שטעלן זיך אויס אין אַ ריי, הינטער די דאַמען און קאַוואַליערן, מיט פלעשער אין די הענט. עס קומען אַריין די מוזיקער, וועלכע פאַרנעמען אַ פּלאַץ אויף אַ באַזונדער עסטראַדע).

צ ע ר ע מ אָ נ י מ י י ס ט ע ר: גוטער קיניג! עפנט דעם באַל!

ק י נ י ג: לאָדט איין אַהער די אומגליקלאַכסטע בום און דריידל!

מ ש ו ל ח: (גייט אַוועק און ברענגט בום און דריידל. זיי זיינען אָנגעטאָן אין ווייער שיינע קליידער.

ב ו ם: גוטער קיניג, מיר האָבן ווייער גוט אָפּגעגעסן און אָפּגעטרונקען.

ד ר י י ד ל: און איך האָב זיך גוט אָנגעוואַרימט, גוטער קיניג!

ב ו ם: און די קליידער ווינען פיל אָנשטענדיקער פאַר אונזערע, כאָטש זיי זיינען אַביסל צו שווער!

ד ר י י ד ל: מיר געפעלן זיי אויך בעסער ווי אונזערע אַלטע קליידער, כאָטש אפילו יענע זיינען געווען באַקוועמער!

ק י נ י ג: איך עפן דעם באַל! (די מוזיקער הייבן אָן שפּילן זייער לאַנגווייליקע טענץ. די קאַוואַליערן און דאַמען מאַכן מאָדערנע טאַנץ-באַוועגונגען, אייניקע פון זיי עסן און טרינקען, די דאָקטוירים גייען צו צו זיי פון צייט צו צייט און לייגן זיי פאַר היילבצרע וואַסערן. בום און דריידל שטייען אויפן עסטראַדע לעבן די מוזיקער, קוקן זיי אָן און לאַכן זיך אונטער).

ב ו ם: דריידל! זיי שפּילן אַזוי, ווי זיי וואָלטן דריי טעג ניט געגעסן! כאַ — כאַ — כאַ!..

ד ר י י ד ל: בום! זיי טאַנצן, ווי פאַרשלאָפענע פליגן! כאַ-כאַ-כאַ!..

ב ו ם: גוטער קיניג! אָט דאָס איז די פריילאַכסטע מוזיק, וואָס דיינע מוזיקער קענען? כאַ-כאַ-כאַ!..

ד ר י י ד ל: גוטער קיניג! און דאָס זיינען די פריילאַכסטע טענץ, וואָס דיינע קאַוואַליערן און דאַמען קענען טאַנצן? כאַ-כאַ-כאַ!..

ב ת - מ ל כ ה: (לויפט אַריין מיט אַ שטייגל אין האַנט) -בום, דריידל! אייער פייגעלע האָט אַפגעלעבט! טוט אַ קוק! איך האָב געפּאַטשט אויף אים אָן אויפהער, גאָר אָן אויפהער! און עס לעבט! לעבט! לעבט!

ד ר י י ד ל: פייגעלע, דו לעבסט?

ב ת - מ ל כ ה: עס לעבט! לעבט! לעבט!

ב ו ם: לעבט! לעבט! (זיי טשיריקען אַלע ווי פייגעלאַך און טאַנצן אַרום שטייגעלע)

ב ו ם: קיניג און קיניגין! קלוגע בעלי-יועצים! קאַוואַליערן און דאַמען! קוכער, דאָק-טוירים און מוזיקער! איצט, צוליב אַזאַ שמחה, וועל איך אייך שפּילן אַ אמתן טאַנץ און דריידל וועט טאַנצן.

ב ת - מ ל כ ה: און די פּרינצעסין גאָלדן-גלעקעלע וועט אייך זינגען אַ פריילאַך לידעלע! (בום שפּילט, דריידל טאַנצט, פּרינצעסין זינגט).

ב ת - מ ל כ ה: (זינגט).

טאַפּי—טאַפּי—טאַפּ—טאַפּי
טאַפּ—טאַפּ—טאָפּ!
לינקס אַ פיסל, רעכטס אַ פיסל,—
קלאַפּ—קלאַפּ—קלאַפּ!

ס׳טאַנצן דאַמען, קאַוואַליערן,
שפּרינגען אונטער הויך!
אַלעמען זאָל פריילאַך ווערן,—
טאַנצן אַלטע אויך!

די מוזיקער הייבן אויך אָן שפּילן בומס פריילאַכן טאַנץ. די בת-מלכה טאַנצט מיט דריידלען. די קאַוואַליערן און דאַמען הייבן אָן טאַנצן אַלץ לעבעדיקער און לעבעדיקער, נאָך זיי הייבן אָן טאַנצן די קוכערס. דאָקטוירים, די בעלי-יועצים און צום סוף הייבן אָן טאַנצן לעבעדיק דער קיניג מיט דער קיניגין. די מוזיק און דער טאַנץ ווערט אַלץ לעבעדיקער און לעבעדיקער. אַלע זינגען צוזאַמען מיט דער בת-מלכה).

**אַ ל ע :** (זינגען).

טאַפּי—טאַפּי—טאַפּי—טאַפּי
טאַפּ—טאַפּ—טאַפּ!
לינקס אַ פיסל, רעכטס אַ פיסל,—
קלאַפּ—קלאַפּ—קלאַפּ!

לינקס אַ פיסל, רעכטס אַ פיסל,—
טאַפּ—טאַפּ—טאַפּ!
ס׳טאַנצט דער קיניג אויך אַ ביסד
האָפּ, האָפּ, האָפּ!..

**ק ל ו נ ע ר ב ע ל - י ו ע ץ :** (פרואַכט, גלייכט זיך אויס, הערט לעבעדיק, הייבט אָן אונטער־זינגען „טאַפּי—טאַפּי" און טאַנצט אונטער) גוטער קיניג! איר קענט זיך ניט פאָרשטעלן, ווי שווער מיר איז זיך איינצוהאַלטן ניט דרייען זיך אין דעם פריילאַכן טאַנץ! די פיס הייבן זיך גאָר אַליין!

**ק י נ י ג :** (טאַנצט) קלוגער בעל־יועץ! האַלט זיך, איך בעט איך, איף דער גע־העריקער הייך! זייט ערנסט! איך בעט איך זייער!

**ק י נ י ג י ן :** איך אויך!

**ק ל ו נ ע ר ב ע ל - י ו ע ץ :** גוטער קיניג! איך מאַטער זיך צו טאָן אַזוי, נאָר, איר וואָלט וויסן ווי שווער דאָס איז! ערלויבט מיר כאָטש לייכט צו אונטערטאַנצן!

**ק י נ י ג :** קלוגער בעל־יועץ! איך ערלויב איך לייכט צו אונטערטאַנצן. נאָר היט אייער שטאַט! מען מוז זיין איבערצייגט, אַז כאָטש דער קלוגער בעל־יועץ וועט אין אַזאַ טאַנץ דעם קאָפּ ניט פאַרלירן!

**ק ל ו נ ע ר ב ע ל - י ו ע ץ :** זייט רואיק, גוטער קיניג! איך טאַנץ נאָר אונ־טער לייכט! איך טאַנץ נאָר אונטער לייכט!.. (טאַנצט).

**אַ ל ע :**

טאַפּי—טאַפּי—טאַפּי—טאַפּי
טאַפּ—טאַפּ—טאַפּ!
לינקס אַ פיסל, רעכטס אַ פיסל,—
קלאַפּ—קלאַפּ—קלאַפּ!..

לינקס אַ פיסל, רעכטס אַ פיסל,—
טאַפּ—טאַפּ—טאַפּ!
ס׳טאַנצט דער קיניג אויך אַ ביסל
האָפּ, האָפּ, האָפּ!..

(אַלע טאַנצן איף יואָס די וועלט שטייט).

**פ אָ ר ה אַ נ ג .**





# דריטער אַקט.

## פּערזאָנען:

(דיזעלבע וואָס אין צווייטן אַקט).

(אַ באַראָנבנע־זאַל. דער קיניג, די קיניגין און די בת־מלכּה. אַרום זיי — דער קלוגער און ווייניק קלוגער בעלי־יועצים און דער קניגלאַכער משולח. פון די זייטן קאַוואַליערן און דאַמען. אַרום די טירן—קיניגליכע דינער).

קיניג: היינט איז געוואָרן דריי חדשים, ווי די סאַמע אומגליקלאַכסטע וואוינען אין מיין פּאַלאַץ, און פאַר דער גאַנצער צייט האָב איך פון זיי ניט געהערט, אַז זיי זיינען די גליקלאַכסטע. קעניגלאַכער משולח! ברענגט זיי אַהער אין פּרעגט, צי זיינען זיי געוואָרן די גליקלאַכסטע? (קעניגלאַכער משולח פאַרנייגט זיך, גייט אַוועק און ברענגט בום און דריידל).

בום / דריידל: { זיי באַגריסט, גוטער קיניג!

קיניג: זייט באַגריסט, גליקלאַכסטע!

בום: גוטער קיניג! מיר זיינען גאָר ניט די גליקלאַכסטע! כּל זמן ס׳איז געווען ווינטער און אומגיין איבער די שטעט און דערפער איז זייער קאַלט געווען, האָבן מיר נאָך ווי עס איז געקענט איינזיצן ביי דיר אין פּאַלאַץ, כאָטש אָפטמאָל פלעגט זיך זייער וועלן דורכגיין אַ ביסל איבער די ווינטער־וועגן. נאָר איצט, ווען דער שניי איז צעגאַנגען, און אויף די ביימער גיסן זיך אָן קנאָספּן; אַז אין וועלדל האָבן זיך באַוויזן אַזויפיל פרילינגס־בלומען און עס בליט שוין די דופּטיקע ווערבע, — איצט וועלן מיר שוין ניט לאַנג בלייבן זיצן אין דיין פּאַלאַץ.

אַלע: (אין איין קול). ס׳איז אַ העזה! ס׳איז אַ העזה! אַך! אַך! אַך!

דריידל: אין פרילינג איז פיל חתנות אין די דערפער, גוטער קיניג, און מוזיקער נעמט מען אויף מיט גרויס פרייד! מיידעלאַך פרעגן זייער פיל ביי דער פייגעלע וועגן זייער גורל!

ב ו ם: בלייבן נעכטיקן אין וואַלד, גוטער קיניג, איז אַזוי וואויל און הערן ווי באַגינען זינגט די פעלד-לערך איז אַזוי פריילאַך! לאָז אונז אָפּ, גוטער קיניג!

א ל ע: (אין איין קול) ס'איז אַ העזה! ס'איז אַ העזה! אַך! אַך! אַך!

ב ו ם: גוטער קיניג! אויב דו וועסט אונז ניט אָפּלאָזן, וועלן מיר אַליין אַוועקגיין, און אונז וואָלט זיך ניט וועלן אַוועקגיין פון דאַנען, ניט באַדאַנקענדיק דיר פאַר דיין גאַסט-פריינדשאַפט!

ק י נ י ג: (מיט גרויס פאַרדראָס) אומגליקלאַכסטע! צי דען זייט איר אין מיין קיניג-לאַבן פּאַלאַץ ניט געוואָרן די גליקלאַכסטע? פאַרוואָס? צי דען זיינען מיינע טאָרטן ניט פעט און מיינע וויינען ניט זיס? צי דען זיינען מיינע קליידער מיט גאָלד און זילבער ניט באַפּוצט, און מיינע בעטגעוואַנט ניט ווייך? צי דען קלינגט ניט מיין מוזיק און מיינע טענץ זיינען ניט קיין נייסטע? איז דען ניט ליכטיק אין מיין פּאַלאַץ און די פייערן אין אים ניט העל? זיינען מיינע גערטענער דען ניט פרעכטיק און די פאָנטאַנען ניט רייצנד-שיין?

ב ו ם: דיינע טאָרטן, גוטער קיניג, זיינען צופיל פעט!

ד ר י י ד ל: און דיינע וויינען, גוטער קיניג,—צופיל זיס!

ב ו ם: דיינע בעטגעוואַנט—צו ווייך!

ד ר י י ד ל: דיינע קליידער זיינען צו שווער!

ב ו ם: און דיין פּאַלאַץ איז ניט אַזוי ליכטיק, ווי די זון!

ד ר י י ד ל: דיינע פייערן—ניט אַזוי העל, ווי די שטערן!

ב ו ם: דיינע טענץ זיינען זייער אומעטיקע!

ד ר י י ד ל: און די מוזיק אויך!

ב ו ם: און דיינע פרעכטיקע גערטענער זיינען אַרומגעצאַמט מיט שטיינערנע ווענט! און קיינער רעדט ביי דיר ניט וואָס ער וויל! און קיינער טוט ניט, וואָס ער וויל! און קיינער האָט ניט קיין אייגענע פאַרלאַנגען!

ד ר י י ד ל: און קיינער זינגט ניט קיין פריילאַכע לידער, און קיינער טאַנצט ניט קיין פריילאַכע טענץ! און קיינער זעט ניט קיין זיסע חלומות!

ב ו ם: און מיר ווילן ריידן, וואָס מיר ווילן! און טאָן, וואָס מיר ווילן! און לעבן, ווי מיר ווילן!

ד ר י י ד ל: און זינגען פריילאַכע לידער! און שפּילן די פריילאַכסטע טענץ! און זעען די זיסטע חלומות!

ב ו ם<br>ד ר י י ד ל } לאָז אונז אָפּ, גוטער קיניג!

ק י נ י ג: קלוגער בעל-יועץ, וואָס זאָלן מיר איצט טאָן מיט זיי?

ק ל ו ג ע ר ב ע ל - י ו ע ץ: גוטער קיניג! מען מוז זיי תיכף אָפּלאָזן. דאָ איז פאָרגעקומען אַ פאַרדראָסלאַכער טעות. אַנשטאָט די סאַמע אומגליקלאַכסטע האָבן צו דיר אָנגעטראָפן פשוטע נאַראָנים, וועלכע פאַרשטייען ניט זייער אייגענע טובה!

ב ת - מ ל כ ה: קלוגער בעל-יועץ! אויב איר רעכנט, אַז בום און דריידל זיינען פשוטע נאַראָנים, דאַן בין איך אויך אַ נאַר! איר זייט אַ גרויסער העזהניק, קלוגער בעל-יועץ!

ק ל ו ג ע ר ב ע ל - י ו ע ץ: פּרינצעסן גאָלדן-גלעקעלע, צי קען איך גאָר האָבן אַ העזה אַזוינס צו טראַכטן!

**ב ת - מ ל כּ ה:** איך מיין אויך, אַז זיצן דאָ מיט איך, הערן אײערע אומעטיקע מוזיק, טאַנצן אײערע פאַרשלאָפענע טענץ און הערן אײערע לאַנגווײליקע חכמות — איז זײער אומעטיק! פיל פרײלאַכער איז אַרום צו גײן איבער די גרויסע וועגן, שטעט און דערפער, נעכטיקן אין וואַלד, הערן באַגיינען די פעלד-לערך און זינגען און שפּילן אויף דאָרפישע חתונות!

**א ל ע:** (אין איין קול) די בת-מלכּה זאָל אומגײן איבער די גרויסע וועגן! אַך! אַך! אַך! איבער שטעט און דערפער! אַך! אַך! אַך! נעכטיקן אין וואַלד! אַך! אַך! אַך! זינגען און שפּילן אויף דאָרפישע חתונות! אַך! אַך! אַך! ס'אַ שרעק! אַך! אַך! אַך! אַך!

**ק ל ו ג ע ר   בּ ע ל - י ו ע ץ:** גוטער קיניג! איך געפין, אַז מען מוז זי תּיכּף אָפלאָזן! זײערע ווערטער ווירקן באַצווײבערנד און די פּרינצעסין גאָלדן-גלעקעלע גע-דענקט אַלץ, וואָרט אין וואָרט! די גאַסן-בעטלער האָבן זי גאָר פאַרבישופט! זי האָט כּמעט פאַרלאָרן דעם שׂכל, ווי יעדע פּרינצעסין, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רויטיק טײבעלע, און רוישט, אַליין ניט פאַרשטײענדיק וואָס! הייסט, מען זאָל זי אַוועקפירן וואָס גיכער!

**ב ת - מ ל כּ ה:** דער קלוגער יועץ האָט מורא, בּום זאָל ווידער ניט אָנהײבן שפּילן זײַן פרײלאַכן טאַנץ און אים וועט ווידער אויסקומען צו אונטערטאַנצן!

**ק ל ו ג ע ר   בּ ע ל - י ו ע ץ:** גוטער קיניג! הייסט מען זאָל זי אַוועקפירן וואָס גיכער! שטעלן נאָך אַמאָל אין סכּנה די קעפּ פון די קלוגע בעלי-יועצים, וואָלט פּשוט געווען לײכטזיניק!

**ק י נ י ג:** קיניגלאַכער משולח! פירט זי אַוועק וואָס גיכער!

**בּ ו ם:** זײַט געזונט, גוטער קיניג! אַדאַנק! אויף ווידערזעען, פּרינצעסין גאָלדן-גלעקעלע!

**ד ר י י ד ל:** אויף ווידערזעען, גוטער קיניג!

**ג אָ ל ד ן - ג ל ע ק ע ל ע:** קום מיט אונז! איצט וועלן מיר אָנהײבן אַ קיניגלאַך לעבן!

**בּ ו ם:** וואָס פאַר אַ טאַנץ וועלן מיר איצט אויסשפּילן פאַרן אַוועקגאַנג!

**ק ל ו ג ע ר   בּ ע ל - י ו ע ץ:** קיניגלאַכער משולח! פירט זי אַוועק וואָס גיכער! (דער קיניגלאַכער משולח פירט אַוועק בּום און דרײדל; פון הויף הערט זיך מוזיק: בּום שפּילט אַ פרײלאַכן טאַנץ, די מוזיק הערט אַלץ שטאַרקער. די בת-מלכּה לויפט צו צום פענסטער.

**ב ת - מ ל כּ ה:** אויף ווידערזעען, בּום! אויף ווידערזעען, דרײדל! מיר וועט זײַן אומעטיק אָן איך! איך ווייס ניט, וואָס וועל איך דאָ טאָן? ליבער בּום! ליבער דרײדל! קומט צו אונז וואָס גיכער צו גאַסט! (די מוזיק ווערט אַלץ שטאַרקער, צום פענסטער גײט צו דער קיניג מיט ער קיניגין, נאָך זײ לויפן צו די דאַמען און קאַוואַליערן, נאָכדעם — די ניט גאָר קלוגע יועצים און צום סוף — דער גאָר קלוגער יועץ).

**ב ת - מ ל כּ ה:** זײ גײען אַוועק! זײ גײען אַוועק! ועט, ועט, — נאָך זײ גײען נאָך די קיניגלאַכע מוזיקער! ועט, ועט, — קלײנע קינדער לויפן נאָך זײ, די דינסט-מײדלאַך און די קלײנע קוכערלעך לויפן זײ נאָך! אַך, ועט, וואָס איז דאָס? — אַלע פייגלאַך פון די קיניג-לאַכע גערטענער פליען זײ נאָך! און אַלע שמעטערלינגען! זײ גײען אַוועק! זײ גײען אַוועק!... זײ זײנען שוין אַוועקגעגאַנגען! מען הערט זײ שוין ניט! בּום, דרײדל! קערט זיך אום! קערט זיך אום! מיר איז אַזוי אומעטיק! אַך, ס'איז אַזוי לאַנגווײליק! (אַלע גײען אָפּ פון פענסטער צוריק אויף זײערע ערטער. די בת-מלכּה בלײַבט בײַם פענסטער).

ק י נ י ג: מיר איז עפּעס מיטאַמאָל אומעטיק געוואָרן! (ער גענעצט).

ק י נ י ג י ן: מיר אויך (גענעצט).

ד אַ מ ע ן: גוטער קיניג! אונז איז זייער אומעטיק! (גענעצן).

ק ו כ ע ר: (קומען אריין מיט מעסער, גאָפּל און טעלער אין די הענט) גוטער קיניג! מיר זיינען געקומען זאָגן אייך, אַז אונז איז מיטאַמאָל אַזוי אומעטיק געוואָרן, אַז אַלץ פאַלט פון די הענט! אָט אַזוי! (זיי גענעצן, און עס פאַלט ביי זיי ארויס אלץ פון די הענט).

ד אָ ק ט ו י ר י ם: (קומען אַן מיט פלעשלאך און רעצעפּטן אין די הענט). גוטער קיניג! מיר זיינען געקומען זאָגן, אַז אונז איז מיטאַמאָל אַזוי אומעטיק געוואָרן, אַז אַלץ פאַלט פון די הענט! אָט אַזוי! (זיי גענעצן און די פלעשעלאך פאַלן ביי זיי פון די הענט).

ק י נ י ג: קלוגער יועץ! ס'איז מיר שרעקלאַך לאַנגווייליק! וואָס וועלן מיר איצט טאָן?

ק ל ו ג ע ר  ב ע ל - י ו ע ץ: (גענעצט) גוטער קיניג! מיר איז אַזוי אומעטיק, אַז מיין גאַנצע חכמה פאַלט מיר פון די הענט!...

ב ת - מ ל כ ה: גוטער קיניג, פאָטער מיינער! הייס תיכף שיקן נאָך בום און דריידל און בעט זיי איין, זיי זאָלן בלייבן דאָ! אויב נים, וועל איך אַוועק צו זיי! אָך, ס'איז מיר לאַ—אַנג—ווייליק! ס'איז מיר לאַ—אַנג—ווייליק!

ק ל ו ג ע ר  ב ע ל - י ו ע ץ: גוטער קיניג! איך קריוב צוזאַמען די רעשט-לאַך פון מיין חכמה, וועלכע איז פון האַנט אַרויסגעפאַלן, און גיב אייך אַן עצה וואַרטן נאָך אַ ביסל, אפשר וועט נאָך אַלץ קומען אין אָרדענונג! אָבער ווי לאַנגווייליק מיר איז!...

ק י נ י ג: אָך, ווי מיר וואָלט זיך וועלן, קלוגער יועץ, אַז אַלץ זאָל קומען אין אָרדענונג. ס'איז אַזוי לאַנגווייליק! (ער גענעצט און שלאָפט איין).

א ל ע: (אין איין קול) אָך, לאַנגווייליק!.. אָך, ווי אומעטיק! אָך! אָך! אָך!..

פ אָ ר ה אַ נ ג.



דער וועכטער שלאָפט.

פ ע ר ז אָ נ ע ן :

בום
דריידל
פרינצעסין גאָלדן־גלעקעלע
קיניגלאַכער שומר.

## פ ע ר ט ע ר אַ ק ט.

(נאַנץ פרי. איינן נאַס. פאַרן קיניגלאַכן פּאַלאַץ. לעבן אריינגאַנג אין פּאַלאַץ זיצט דער קיניגלאַכער שומר און שלאָפט שטאַרק. בום און דריידל גייען צו צום פּאַלאַץ).

**ב ו ם :** העד קיניגלאַכער שומר, גוט מאָרגן!

**ד ר י י ד ל :** גוט מאָרגן, העד קיניגלאַכער שומר! (דער שומר שנאָרכט).

**ב ו ם :** העד קיניגלאַכער שומר, מיר ווינען דאָך מיט איך אַלטע באַקאַנטע! צי קענט איר ניט אַ רוף טאָן אַהער די פרינצעסין גאָלדן־גלעקעלע? (דער שומר שנאָרכט).

**ב ו ם :** דריידל, אפשר זאָלן מיר גאָר אויפוועקן די פרינצעסין מיט אַ פריילאַכן טאַנץ?

**ד ר י י ד ל :** ניין בום, שפּיל ניט קיין פריילאַכן טאַנץ, וואָרים דער גוטער קיניג וועט דערהערן און וועט מסתמא ווידער וועלן מאַכן אונז פאַר די סאַמע גליקלאַכסטע!

ב ו ם: געדענקסט די קיניגלאַכע פּערענעס?

ב ו ם: און די קיניגלאַכע קישנס?

ד ר י י ד ל: און די פּוכענע קאָלדרעס?

ב ו ם: און די קיניגלאַכע נאַכט-שיך?

ד ר י י ד ל: און די קיניגלאַכע נאַכט-מיצן? (זי לאַכט) בום!

ב ו ם: (לאַכט) דריידל!.. וואָס-זשע זאָלן מיר טאָן, דריידל?

ד ר י י ד ל: בום, די פּרינצעסין גאָלדן-גלעקעלע וואַרט דאָך אויף אונז טאָג און נאַכט! לאָמיר איר זינגען אַ לידל, וועט זי דערהערן און וועט זיך באַלד אויפכאַפּן.

ב ו ם: לאָמיר איר זינגען אַ לידל, דריידל!

ב ו ם א ו ן ד ר י י ד ל: (זינגען).

אַך פּרינצעסין גאָלדן-גלעקל,
שטיי שוין אויף פון בעט, —
קום מיט אונז, מיר גייען ווייטער!
באַלד וועט ווערן שפּעט!
ענג און לאַנגווייליק דיין פּאַלאַץ,
קום אין פעלד, אין וואַלד!
זיסע קלאַנגען, שיינע לידער
וועסטו הערן באַלד!
אויפן לאָנקע וועסטו הערן
ווי די לערכע זינגט;
און וועסט זען ווי אַ וואָלקן
אויפן פעלד פאַרזינקט!...
שפּעטער ויינען מיר אין דערפל
ביי דער אַלטער פּאָר;
און ביי זייער שיינער טאָכטער
ז'האָכציים היינטיקס יאָר!...
אַך פּרינצעסין גאָלדן-גלעקל,
זאָס נישט מיט דיין גאַנג!
בום און דריידל פאַרן פּאַלאַץ
וואַרטן דיך שוין לאַנג...

פ ר י נ צ ע ס י ן ג אָ ל ד ן - ג ל ע ק ל: (באַווייזט זיך אין פענסטער) גוט מאָרגן, בום! גוט מאָרגן, דריידל! איך האָב אויף אייך אַזוי געוואַרט! איר זייט געקומען צו מיר צו גאַסט?

ב ו ם: ניין, פּרינצעסין גאָלדן-גלעקל, מיר קענען צו דיר ניט קומען צו גאַסט! מיר זיינען זייער פאַרנומען! מיר גייען שפּילן אויף אַ דאָרפישער חתונה!

ד ר י י ד ל: דעם דאָרפישן שניידערס טאָכטער האָט היינט חתונה. די פייגעלע האָט איר נאָך ווינטער אַרויסגעזאָגט איר גורל, מען וואַרט אויף אונז דאָרטן זייער, פּרינצעסין גאָלדן-גלעקעלע!

פ ר י נ צ ע ס י ן: בום און דריידל, איר גייט באַלד אַוועק? און איך וועל ווידער בלייבן אַליין? איך וועל וויינען אויף גאַנץ קיניגרייך!

ב ו ם: דאָס וויינען מיר דאָך געקומען נאָך דיר, כּדי דו זאָלסט ניט וויינען אויף גאַנץ קיניגרייך!

ד ר י י ד ל: מיר וועלן דיך אויך נעמען אויף דער דאָרפישער חתונה!

ב ו ם: מיר וועלן אַזוי טאָקע זאָגן דעם שניידערס טאָכטער, אַז די בת־מלכּה אַליין איז מיט אונז!

ד ר י י ד ל: אָט וועסט זיין פריילאַך, פּרינצעסין גאָלדן־גלעקעלע!

ב ו ם: און אויפן וועג וועלן מיר הערן, ווי די לאַרכן זינגען אויף די פעלדער, — דאָס איז אַזאַ פרייד!

ד ר י י ד ל: און מיר וועלן ווידער בהייבן געכטיקן אין וואַלד, — דאָס איז אַזוי צויבער־לאָך!

פּ ר י נ צ ע ס י ן: בום און דריידל! מיך וועלן אָבער ניט אַרויסלאָזן פון פּאַלאַץ די קיניגלאַכע דינער!

ב ו ם: ווי אַזוי קענען דיינע דינער דיך ניט לאָזן, פּרינצעסין גאָלדן־גלעקעלע?!

פּ ר י נ צ ע ס י ן: אַך, בום און דריידל, זיי היטן יעדן טראָט מיינעם!

ד ר י י ד ל: טאָ טרייב זיי דורך, די נאַרישע דינער, פּרינצעסין גאָלדן־גלעקעלע!

פ ר י נ צ ע ס י ן: איך קען זיי אַלעמען ניט פאַרטרייבן, זיי זיינען זייער פיל!

ד ר י י ד ל: אָבער איצט שלאָפן זיי דאָך אַלע!

פ ר י נ צ ע ס י ן: לעבן טויער שטייט דער קיניגלאַכער שומר; מען זאָגט, אַז ער שלאָפט ניט — ניט ביי טאָג און ניט ביי נאַכט!

ד ר י י ד ל: גלויב ניט דעם, וועד עס זאָגט דאָס דיר, פּרינצעסין גאָלדן־גלעקעלע! דער קיניגלאַכער שומר שלאָפט אַזוי שטאַרק, אַז איר קענט פאַרביי אים דורכפאָרן אין אַ קאַרעטע!

פ ר י נ צ ע ס י ן: ליבע בום און דריידל! עפנט מיר גיכער די טיר! איך וועל גיין מיט אייך אויף דער דאָרפישער חתונה! (בום און דריידל עפענען די טיר, דער שומר שנאַרכט נאָך שטאַרקער, פון פּאַלאַץ לויפט אַרויס פּרינצעסין גאָלדן־גלעקעלע).

ב ו ם: } גוט מאָרגן, פּרינצעסין גאָלדן־גלעקעלע!
ד ר י י ד ל:

פ ר י נ צ ע ס י ן: גוט מאָרגן, בום! גוט מאָרגן, דריידל! גוט מאָרגן, פייגעלע! דו לעבסט? קום גיך אויף דער דאָרפישער חתונה! (זיי גייען אַפּ פון פּאַלאַץ).

ב ו ם: אויף ווידערזעען, הער קיניגלאַכער שומר!

ד ר י י ד ל: אויף ווידערזעען, הער קיניגלאַכער שומר! (שומר שנאַרכט).

פ ר י נ צ ע ס י ן: בום און דריידל! זאָגט ניט דעם שניידער און זיין טאָכטער, אַז איך בין אַ בת־מלכּה! זאָגט, אַז איך בין אַ פּראָסטע דינסט!

ב ו ם: גוט, גאָלדן־גלעקעלע, פאַר זיי וועסט דער־מיטל אויך זיין פולקום גענוג!

ד ר י י ד ל: גאָלדן־גלעקעלע! מיר וועלן דאָרט זינגען די פריילאַכסטע לידער און שפּילן די פריילאַכסטע טענץ!

ב ו ם : גאָלדן־גלעקעלע! דו ווייסט, וואָס מיר וועלן זיי שפּילן אין רעכטן ברען פון דעם חתונה־באַל?

פ ר י נ צ ע ס י ן : וואָס, בום?

ב ו ם : מיר וועלן זיי שפּילן דעם קיניגלאַכן טאַנץ!

ד ר י י ד ל : (זינגט און טאַנצט):

טאָפּי—טאָפּי—טאָפּי—טאָפּי,
טאָפּ! טאָפּ! טאָפּ!

(בום שפּילט, דריידל טאַנצט, די בת־מלכה טאַנצט און זינגט):

טאָפּי—טאָפּי—טאָפּי—טאָפּי,
טאָפּ—טאָפּ—טאָפּ!
לינקס אַ פיסל, רעכטס אַ פיסל—
קלאַפּ—קלאַפּ—קלאַפּ!...

(זיי גייען אוועק זינגענדיק און טאַנצנדיק, און דער קיניגלאַכער שומר בלייבט נאָך אַלץ שלאָפן).

פ אָ ר ה אַ נ ג .



